**MALKA HEIFETZ TUSSMAN**

# LEAVES DO NOT FALL

POEMS

Publishing-House Israel-Book, Tel-Aviv
P.O.B. 1777

**מלכה חפץ טוזמאַן**

# בלעטער פאַלן ניט

**לידער**

פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, איתמר בן־אבי 4

Printed in Israel 1972 נדפס בישראל





דפוס „ארזי״ בע״מ, ת״א, אילת השחר 4

*

אַזוי פיל צדיקים אין דײַן קלײנער נחלה,
קלײנע מאַמע.
אַזוי פיל גאונים אין דײַן קלײנער נחלה,
קלײנע מאַמע.
זאָלן די צדיקים
אויך גאונים זײַן,
אוי מאַמע.
און זאָלן די גאונים
אויך צדיקים זײַן,
מאַמינקע מײַנע.

# איך זוך דיך ניט

שרײַבן דיכטער־פילאָסאָפן
וועגן גלויבן און ניט גלויבן,
וועגן זוכן אים און כאַפּן,
וועגן נאָכלויפן אַ גאָט.

איך ווייס ניט וואָס מע מיינט מיט
„גלויבן".
אויך ווייס איך ניט וואָס „כפירה" מיינט.

ניט איך זוך דיך,
ניט איך לויף דיר נאָך, מײַן גאָט.
ניט איך גלייב און ניט איך לייקן
נאָר אַלע מאָל איך רעד צו דיר,
נאָר צו דיר איך רעד, מײַן גאָט.
לאָז מיך נאָר אַרומגיין שטיל דאָ
אין דײַן שטאָט.

וועמען ענגט מײַן טראָט?
וועמענס ביסן נעם איך צו?

היט מיך אין דײַן קליינער גרויסער שטאָט.
לאָז מיך דאָ אַרומגיין שטיל, מײַן גאָט.

ירושלים, 1972

## ישראל ברויט

זיצן מיט דיר בײַם
הילצערנעם טיש
אָנמעסערדיק
מיט הוילע הענט
אויפברעכן אַן ערשט־געבאַקן ברויט
צוזאַמען
אַרײַנציִען דעם ריח פון
פריש געבעקס.

און איך װעל זאָגן
גוטע ערד
און דו װעסט זאָגן
ליבער רעגן
און איך װעל זאָגן
װינט און האָגל
און דו װעסט זאָגן
היץ און זאַמד
און איך װעל זאָגן
האַס און שרויט
פון יענער זײַט
שטעכל־פּלויט.

און מירן אַ װײַלע
בלײַבן שטום
און יעדער װעט פאַר זיך
בענטשן פרום
אַיעדן ביסן
זיסן
ברויט.

## צוויי־אין־איינעמקייט

ישׂראל־מדינה,
דו ביסט מאַן און דו ביסט ווײַב
אין איינעם.
אַ סברה
גאָט איז אויך אַמאָל געווען
צוויי־אין־איינעמקייט.
דו געבערסט זיך איבער —
און־אָבער.
אַלע ווינקעלעך ווימלען
מיט דײַן גרויס־געבעריקייט.

און איך בין באַלד
אַלט גענוג צו זײַן דײַן באָבע,
געקומען אָפּנעמען
מײַן ביסל פרייד וואָס
קומט אַ באָבע.

געבראַכט כ'האָב דיר
אַ בײַטעלע אַ קליינס מיט מינץ...
אָט ווי באָבעס ברענגען
בײַטעלעך מיט צוקערלעך,
מיט לעקעכלעך און ניס.

און סאַ וווּנדער כ'זע בײַ דיר!
פאַר דײַן בליק
זענען שטיינער אָפּגעשפּרונגען.
פאַר דײַן קוק
זענען גרענעץ־ווענט געפאַלן.
דורותדיקע בלאָטעס

אויסגעטרוקנט האָסטו מיט דײַן הייסן אָטעם
און אויסגעשאָטן האָסטו דאָ
גאָר דײַן וווּנדער־ווידערקייט.
באַלד
דו ווערסט דעם הימל אויך צעשפּאַרן, ווײַל
ער איז דײַנער, דײַנער, דו
צוויי־אין־איינעמקייט.

און איך בין באַלד
אַלט גענוג צו זײַן
דײַן באָבע, ישׂראל־מדינה.
און אַ באָבע אויך באַדאַרף
ערגעץ צושפּאַרן דעם קאָפּ.
אַ באָבע דאַרף
זיצן אויף אַ פּריזבע,
נחת קלײַבן פון דעם פּיצלוואַרג.

וועל איך מילד זײַן —
וועל איך שמייכלען און זיי רופן
פייגעלעך,
וועל איך בייז זײַן —
וועל איך זיי רופן
ווערעם.
נאָר סײַ ווי ווען מײַנע ליפּן
בענטשן
סײַ די ווערעם און
סײַ די פייגעלעך.

# אוניווערסאַל

געוואַנדערט אַ וועלט
זיך דערשלאָגן צו
אַ צימערל — פיר ווענט,
אַ טיר, אַ פענצטער,
אַ בוים — אַ שכן מיר
דער נענטסטער
און ערד צעגראָבענע —
רויטע הרודעס
און געשטיין:
דאָ האָב איך מײַן וועלט געפונען
אַ פאָר שפאַן די קליין.
דאָ
אין פיצעלע לאָקאַלע
איז
דאָס או —
ניווערסאַלע.

## פאַרנאַכטיקע וואָלקנס

די הימלען איבער דיר, ירושלים,
ציִען אַרויס דאָס בלוט פון
דײַן רויטער ערד
און פאַרבן אָפּ די פאַרנאַכטיקע וואָלקנס
און פורעמען שפּיצן און טורעמס
לויט שפּיצן און טורעמס
אויף דײַן ערד.

די וואָלקנס די רויטע דערציילן בלחש
אַ מעשׂה פון מוט און
פון בלוט —
דערציילן און איבערדערציילן
שוין הונדערטער יאָרן
און ס'האָרכן און פאָרכטן פאַרגליווערטע פליגל
פון ווינטמיל מאָנטעפיאָרע.

די הימלען —
זיי צאַפּן דאָס בלוט פון דײַן רויט־ערד,
מאָלן אָפּ די וואָלקנס צום שפּיל פון מעשׂהלע „רויט״
וואָס שפּילט זיך אַזוי שוין הונדערטער יאָרן
און ס'שטאַרן און שטוינען פאַרגליווערטע פליגל
פון ווינטמיל מאָנטעפיאָרע.

איך הער דאָס דערציילן,
און איך זע די שפּיל
דורך מײַן קליינינקן פענצטער
אַנטקעגן דער מיל.

# אַ רענדל אַ וואָרט

אַ נײַער עולה?
זאָג איך — ניין.
טוריסט? אַליין?
זאָג איך — ניין.

כ'מיין
אַז בײַ אײַך איז
אַ רענדל אַ וואָרט,
זאָגט זשע מיר פּאָרט
אויף ווי לאַנג?

אויב איר קענט מיר זאָגן
ווי לאַנג איז „לאַנג",
וועל איך קענען זאָגן
אויף ווי לאַנג.

## צו חיפה

חיפה, יפהפיה,
דײַנע שײנקײטן צעטומלען מיך.
דײַן פּרעכטיקײט דריקט אויף מיר ביז טרערן.
און דו לאָזסט זיך ניט פון מיר באַזונגען װערן.
בין איך ניט זוכה?

כ׳זע דיך װײַטער פון מײַן זעעװדיקײט.
איך הער דיך טיפער פון מײַן הערעװדיקײט:
די גראָזן דײַנע גרינער,
דאָס געבערג דײַנס העכער,
די טאָלן דײַנע טיפער,
די שטימעלעך פון דײַנע קינדער
גלעקלען רײנער,
און אָט דער ייִד מיט הענט פאַרלײגט אַהינטער
װאָס גײט מיט מנוחהדיקן שפּאַן,
מורמלט זיך אַ זמרל הנאהדיק
— װאָס ער צװישן ייִדן איז אַ ייִד
ער איז מיר נענטער.
און די גרויע קעפּ פון װײַבער
װאָס װיגן דעם באַיאָרטן גאַנג און
שמײכלען זײער דאַנק צום בורא
װאָס לאָזט געדײען זײ אין חיפה,
זײ זענען ליבער.

לאָז מיך זינגען דיך, מײַן שײנע.
װאַרטסטו אויף אַן אַנדער דיכטער —
אַ פּאָעט געפּאָטערט פון דײַן שענסטן שטערן
און געמוטערט פון דײַן גוטער, הײסער ערד?

אָדער ווילסטו
איך זאָל די רויטע שטיינער דײַנע טראָגן
פון איין באַרג צום צווייטן?
דאָס קען איך ניט.
איך קען נאָר מיט די אויגן
דײַנע אָוונטיקע ליכטער טרינקען.
כ'קען וואַנדערן צווישן דײַנע ווילד־געוויקסן און
אָפּנעמען דעם שטאָך פון דײַנע דאָרנדיקע נאָדלען
וואָס בענקען נאָך מײַן בלוט.
כ'קען שטיין בײַ דײַנע ברעגן,
אײַנלולען מײַן חלום אויף דײַן וויגנדיקן ים.
אויף דײַנע ווײַסע באַלעמס ווירבלדיקן שוים
כ'קען אָפּשיקן מײַן זיפץ צו ברעגן אַנדערע
וואָס בענקען ניט
און אפשר אויך געדענקען מיך ניט מער.

איז דיר ניחא
ווען איך גאַנצע טעג דאָ שטיין און ציילן
די שישקעס פון דײַן אַלטן בוים וואָס בײַ מיין פענצטער.
ווילסטו — וועל איך אויסנאָגן דעם סם פון
דײַנע רויטע כּלניות, חיפה,
נאָר לאָז מיך זינגען דיך, מײַן שיינע.

דײַן שיינקייט
וואַרפט מיך פון די פיס,
דריקט אויף מיר ביז ווייטיק.

וואַרטסטו טאַקע אויף אַן אַנדער דיכטער
וואָס וועט אָט דאָ געבוירן ווערן —
אַ פּאָעט געפּאָטערט פון דײַן שענסטן שטערן,
און געמוטערט פון דײַן גוטער, הייסער ערד?

## צי בין איך אויף הפקר

צי בין איך אויף הפקר?
און אַז איך בין
דאָס טראָפּל „איך בין“
בין איך דען אויף הפקר?

קיינער איז ניט אַזוי קעגן מיר
ווי איך אַליין בין מיר קעגן
דאָך —
בין איך טאַקע אויף הפקר
וואָס דו גייסט
אין מײַן חלום אַרײַן און אַרויס
און ניזוקסט מײַן ליבשאַפט.

## זאָג מיר דו

רוף מיך בײַ מײַן ערשטן נאָמען
זאָג מיר „דו"
לאַנג
מיר האַלטן אַלע טירן
און די פענצטער צו

דערזע איך ווען דײַן פּנים
דורך אַ לאָדנשפּאַלט
באַלד
צווישן דיר און מיר
אַ שטאָרע פאַלט

## דו רעדסט אַוועק פון מײַנע אויגן

דו רעדסט צו מיר און
דײַנע אויגן זענען פֿאַרטוקט
און דײַנע אויגן זענען אַוועקגעקוקט
און מײַנע אויגן זעען ניט דײַנע ווערטער
זעען ניט די ווערטער וואָס
קומען אַרויס פון דײַן מויל
זיי שלאָגן זיך אָן אין מײַנע אויערן
און שפּרינגען אָפּ
און מײַנע אויערן הערן ניט צו דעם
און די ווערטער פֿאַרגייען
צעגייען
און דו האָסט גאָר ניט דערפון
און איך האָב גאָר ניט דערפון
און איך באַדאַרף גאָר ניט דערפון
וואָס מײַדט אויס מײַן בליק

## דיך געזען צווישן ביימער

דו האָסט זיך דערוויַיטערט,
אַוועק.
איך האָב דיך דערזען צווישן ביימער
און דו ביסט שענער,
ביסט שענער נאָך צווישן ביימער.

איך האָב געזען דיַין משוגענעם קאָפּ
צופאַלן צו אַ בוים ווי מע פאַלט אויף
דער מאַמעס קישן.
פאַמעלעכקע
געוויגט האָט זיך דיַין קאָפּ
צום טראָפּ
פון מיַין אָטעם
און דו ביסט אַזאַ שטילער געווען,
אַזאַ שטילער בײַם בוים.

די שטאָט ביַי נאַכט אָן דיר
איז אַן אָקס אַ שוואַרצער, אַ שטומער
און איך בלאָנקע דורך
די פינצטערע שטחים פון
מורא.

## אויסער זיך

ווען דו ביסט גוט צו מיר
דערקען איך דאָס גוטסקייט
אין מיר

ווען דו ביסט שלעכט צו מיר
דערקען איך דאָס שלעכטקייט
אין מיר

ווען דערקען איך דיך
אויסער מיך?

ווען איך בין אויסער,
אויסער זיך

## פֿאַראַן זאַכן

פֿאַראַן זאַכן
ניט אויסצוהאַלטענע
פֿאַרבאַהאַלטענע
מיט וואָס מע שעמט זיך

פֿאַראַן זאַכן
גרויס־זאָרגענע
טיף פֿאַרבאָרגענע
פֿאַר וואָס מע האָט מורא

זאַכן אַזעלכענע
אַ וועלכענע
מע דערציילט ניט
מע פֿאַרשרײַבט ניט

# גוט אַזוי

מיך אַרט ניט וואָס איך זע דיך ניט.
מיך אַרט ניט וואָס דו מײַדסט מיך אויס.
איך דאַרף ניט מער מײַן שמייכל אָנשטעלן אויף דיר.
איך דאַרף ניט מער אַ קנייטש פֿאַרגלעטן אין מײַן שטערן
צוליב דיר.
צווישן מיר און דיר באַדאַרף שוין גאָרניט ווערן.
צווישן מיר און דיר
דאַרף מער גאָרנישט ניט געשען.
גוט אַזוי.
איצט איז גרינגער מיר צו לעבן.
שמייכלט איצט מײַן שמייכל זיך
ניט פֿאַר קיינעמס וועגן,
און די קנייטשן אין מײַן שטערן —
אַליין זיך אויסגעגלעט.
ערשט —
איצטער בין איך שיין,
מאָדנע שיין.
פֿון זיך אַליין
האָט שיינקייט אויסגעלייגט זיך אויף מײַן פּנים,
און איך שמייכל וואָס דו ווייסט ניט
ווי כ׳בין שיין —
מיט רויִקייט און קלוגשאַפֿט שיין.
און דו
ווייסט גאָרנישט ניט דערפֿון.
איז גוט אַזוי
איצטער ביסטו שיינקייט־אָרעם.

## דזשינדזשי

קעצעלע,
דזשינדזשי קעצל,
אַז נאָר דו טוליעסט זיך צו מײַנע פיס.

אָט איך בייג זיך אָן.
אָט איך נעם דיך אין די אָרעמס.
דו נורעסט זיך צו מיר ווייך און וואַרעם
און דו מורקעסט.

אַ באַפרײַטער זיפץ פון טיף אַרויס,
פון בײַכל דײַנס אַרויס דײַן מורקען, דזשינדזשי.
איך וועל אויך אַזוי אַ מורקע טאָן
ווען יענער דזשינדזשי וועט
זיך טאָן אַ בייג —
פון זײַן הייך אַ טראָפּעלע אַ בייג
און נעמען מיך —
אַרײַננעמען אין זײַנע אָרעמס וועט
דער דזשינדזשי.

און איך וועל אויך אַ מורקע טאָן.
אָט אַזוי ווי דו כ'וועל טאָן אַ מורקע
צו מײַן דזשינדזשי,
דזשינדזשי.

## עלנט שוידער-שיין

טײַערע,
איך זאָג אַרויס דאָס וואָרט „טײַערער"
און שוין דו ביסט פֿאַראַן,
ערגעץ ביסט פֿאַראַן,
אַ טײַערער.

דו הערסט זיך אײַן אין מיר,
קוקסט זיך אײַן אין מיר,
און איך ווער קליגער צו דײַן הערן
און ווער שענער צו דײַן אויג.

איצטער
בין איך מיד.
איצטער וויל איך זײַן אַליין
טו איך זיך פֿאַר דיר אַ נייג —
טיף אין זיך אַ נייג
און דו פֿאַרשווינדסט אין יענעם ערגעץ
וואָס איך ווייס ניט ווו.

אַ גוטע נאַכט,
מײַן טײַערער.

# אַ זיַילעכל קלוגקייט

דינינקע קלאַנגען וויברירן,
זילבן
מיט ליפּ קוים באַרירן,
איינס צו איינס ווי פּערל געקליבן.
ווי פּערל געקליבן
און וואָס איז געבליבן?

ניט נייטיק קיין ווערטער אין גאַנצן.
ניט נייטיק דאָס ריידן.
דו וועסט ניט באַשיידן
פון וואַנען די איידעלע ליידן.
דו קענסט ניט דערקענען דעם שמייכל
וואָס גלעט
דעם „שפּעט".

היט:
זיך אַליין ניט פאַרראַט.
צייל
אַ טראָט און אַ טראָט.
אַ שפּירן
ניט לאָזן זאָל פירן
צו אָפענע טירן פון שפּאָט.

אַ שטרײַפעלע יונגקייט
וועט אָנען דעם סוף.
אַ זיַילעכל קלוגקייט
וועט שליסן
און שטעלן דעם תּו.

## איך זאָג

איך זאָג צו דעם אַלמעכטיקן:
נע־ונד דו אייביקער,
ווען מײַן האַרץ וואָלט ריין געווען
וואָלט איך פֿאַרבעטן דיך
דאָ נעכטיקן.

## קרבן

דערציילט דער בראַהמאַנאַ פון די הונדערט וועגן:
ס'האָבן זיך אַרומגעקריגט די געטער מיט די שדים.
די שדים האָבן געזאָגט:
צו וועמען זאָלן מיר ברענגען קרבנות?
און יעדער האָט דעם קרבן אַרײַנגעלייגט אין זײַן אייגן מויל.
די געטער, אָבער, האָבן די מתּנות געלייגט איינער
דעם צווייטן אין מויל.
דערפאַר האָט פּריזשאַפּאַטי, דער פּרימאַל גײַסט
זיך אָוועקגעגעבן צו די געטער.

אַז איך אַליין בין
קרבן —
אין וועמענס מויל?

אָ, „פּרימאַל" גײַסט.

## ווען ברכהלע איז קראַנק געוואָרן

אַז בלעטער פאַלן
איז דער בוים
נאָך ניט טויט.

ס'איז האַרבסט.
די בלעטער פאַלן.

בלעטער פאַלן ווי דער שטייגער
איינס און איינס
פאַמעלעכקע
איינס און איינס און איינס.
פאַמעלעכקע, ברוין, שטיל און
שיין.

קיינער וויל ניט טרייסלען אַ בוים
נאָך דער פרוכט־איַינזאַמלונג.
קיינער באַדאַרף ניט טרייסלען אַ בוים
נאָך דער איַינזאַמלונג.
בלעטער ווען פאַלן אַליין,
פאַמעלעכקע אַליין.

ברכהלע
טרייסלט דעם בוים.
זי
טרייסלט דעם בוים...

## דונער מײַן ברודער

דונער מײַן ברודער,
מײַן מעכטיקער ברודער,
שטיינער אויף שטיינער געקײַקלט — דײַן קול.
וואַלדיק און גוואַלדיק דײַן קול.
סאַ פרייד דיר ווען דו טוסט די בערגער צעטרייסלען,
סאַ גליק דיר
ווען דו טוסט צעטומלען די קריכיקע ברואים אין טאָל.

אַמאָל
גאָר אַמאָל:
דער שטורעם — מײַן טאַטע —
ער איז אויף אַ טונקעלן וואָלקן געריטן,
אויף יענער זײַט סדר־העולם
פאַרקוקט זיך אַריבער,
צום תוהו־ובוהו אַריבער,
דעריבער
איך אויך האָב אַ קול —
אַ קול פון אַ מוראדיק ברומען
אין קלעם פון מײַן שטומען.

פאַראַן מיר געבאָטן
ענגע פאַרבאָטן
„דו זאָלסט ניט,
דו זאָלסט ניט"
אָ דונער,
מײַן ווילדער, צעלאָזענער ברודער.

## מײַן שוועסטער

בליץ מײַן שוועסטער,
פֿאַרשײַטע, צעלאָזענע שוועסטער.
גאָלדענע,
שטראַליק צעבײַטשעטע שײנקײט,
גיסט אָפּ מיך מיט גרויליקער שײנקײט,
באַגילדסט מײַנע שטוביקע זאַכן,
נאָר איך פֿאַר דײַן שרעקלעכער שײנקײט
מוז מײַנע אויגן פֿאַרמאַכן.

אַמאָל, גאָר אַמאָל
די שטילקייט — מײַן מאַמע
אין איר פֿאַרבענקטקייט —
זי האָט זיך אויף ווײַסינקער כמאַרע געהוידעט,
געוויגט זיך,
אַריבערגעוויגט זיך
אויף יענער זײַט חלום אַריבער,
צום גאָלד פֿונעם „הפקר" פֿאַרקוקט זיך אַריבער.
דעריבער
איך אויך האָב אַ גאָלד —
גאָלד פֿון אַ שוידער־באַגליקן:
בײַטשנדיק גאָלד אין מײַן לאַכן,
שפּיזלדיק גאָלד אין מײַן בליקן.

פֿאַראַן מיר געבאָטן,
שטײַפֿע פֿאַרבאָטן
„דו זאָלסט ניט,
דו זאָלסט ניט"
אָ מײַן פֿאַרשײַטע, צעלאָזענע שוועסטערל
בליץ.

## ווײַנוואָרט

ווערטער
פֿון זײַנע זעלטענע גיטער,
פֿינקל און פֿליטער.

ניגלה און
ניסתּר,
מכשפֿים און
פֿריסטער —
ווערטער.

פּאַקן
אַ וואָרט און פֿאַרפּאַקן
ווי ווײַן אין אַ קעלטער.

זאָל יערן
זאָל מערן
וואָרטיקע פֿרייד.

אָט ווערטער
זשאָנגלירן
קלאַנגען, קאָלירן
אַנטקעגן
עשירות
שטראָמיקע, ליכטיקע שורות
פֿון וועגן
הויכלען און
שטרויכלען
און
פֿאַלן.

שורות
עקסטאַזן,
לאַמענטן
אַרויס פון די פענטן —
אי יִאוש
אי ביוש.

אָנפאַל פון קלייניקע בײַסיקע מוקן.

ווײַנוואָרט,
איך, שעם זיך אין פנים דיר קוקן.

## נצחון

נצחון,
וויַיז מיר דײַן פּנים.
איך וויל דאָס ליכט פון דײַן פּנים.

נצחון־פּנים וואָלקנט זיך.
נצחון־פּנים
וויינט.
וואָס זשע וויינסטו, פּנים?

אַ לויב דעם האַרץ וואָס האָט זיך אָנגעשטאָלט
אַ לויב, אַ לויב.
וואָס זשע וויינסטו, האַרץ?

געבענטשט די האַנט וואָס האָט זיך
אָפּ׳געוווער׳ט.
געבענטשט, געבענטשט.
וואָס זשע וויינסטו, האַנט?

ווער בענטשן דעם נצחון אונדז די אַלמאַכט?
איך וויל דאָס ליכט פון דײַן פּנים, נצחון.

דער וואָס האָט דאָס האַרץ געשטאָלט,
דער וואָס האָט די האַנט געשטאַרקט
וויינט
און אייביק וועט ער וויינען דורך מײַן פּנים —
דורך מײַן פאַרשלייערטן פּנים.

יוני 1967

## אָפּגעשראָקן מײַנע פֿינגער

ניט געדאַכטעניש —
די צעוויגטע גלאָקן.
אַ געדאַכטעניש ?

ווער סע דאַרף ניט
שפּירט זײַן גלאָקן־קלינגער ניט.
ווער סע דאַרף ניט
הערט ניט דאָס געקלאַנג.
איז מיר אַ דאַכטעניש דאָס
באָנג און באַנג ?

אַ גלאָקנקלינגער איז
אַ פֿאַראַנענער.
אַ ניט געזעענער,
אַ ניט פֿאַרשטאַנענער.
ער איז
פֿאַר יעדערן פֿאַראַן.
נאָר מײַנער, דוכט מיר, גייט
מיט פֿאַמעלעכענקן שפּאַן,
פּאַוואָליע
און שוין
קלאַמערן די פֿינגער מײַנע אין דײַן פּאָלע.
און דײַנע פֿינגער, זע איך,
זוכן אויך אַ פּאָלע...

העי, פֿאַראַנענער,
דו ניט פֿאַרשטאַנענער,
אוי מײַן גלאָקנקלינגער,
האָסט אָפּגעשראָקן מײַנע פֿינגער !

## ריר אָן מײַן האַנט

ריר אָן מײַן האַנט
מײַן אָפֿענע, גלייביקע האַנט
וועט זײַן
אַ שׂימחה אין מײַנע בלוט־קעמערלעך,
וועט זײַן אַ שׂימחה אין דײַנע בלוט־קעמערלעך
אַ יום־טוב אין מײַן
אַ יום־טוב אין דײַן בלוט.

ריר אָן מײַן הויט
מײַן הוילע ליבשאַפֿט טאַטויִרטע הויט
רחמים טאַטויִרטע הויט
וועט זײַן
דײַן פֿײַנטשאַפֿט וועט צעגיין ווי
אײַז אין דער זון.

אויף מײַלן טויזנט האָסטו מיך פֿײַנט
איבער ימען — דו האָסט מיך פֿײַנט
איבער ווײַטע דזשונגלס — דו האָסט מיך פֿײַנט
מיינסט איך גיי אויף דיר,
דאַכסט
כ'וועל דײַנע קינדער אין קייטן אַוועק
פֿירן.

ריר אָן מײַן האַנט
מײַן אָפֿענע גלייביקע האַנט
ריר אָן מײַן הויט
מײַן הוילע ליבשאַפֿט טאַטויִרטע הויט
וועט זײַן
די פֿרייד פֿון האַרץ

די פרייד פון הענט
די פרייד פון פיס
דערפרייט וועט זײַן
דאָס גאַנצע
גרויס
פּיצל
לעבן.

אַזאַ רחמנותדיק
פּיצל
לעבן.

## געזאַנג

ער האָט געזונגען
און איך האָב געהערט אין געזאַנג
אַ ציִען צו לעצטער מינוט,
מיט פּחד פֿאַר לעצטער סעקונד
און איך האָב געוויינט
ווײַל איך האָב געבענקט
צו רו וואָס
פֿון יענער זײַט לעצטער סעקונד.

איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען די ווערטער אין ליד:
זײַן לאַנד איז מיר פֿרעמד און זײַן לשון מיר פֿרעמד.

פֿאַרטײַטש מיר, איך בעט דיך,
די ווערטער אין ליד —
ליד פֿון דער אייביקער מענטשלעכער ווּנד,
וואָס גייט אויף ווי ווײַרעך צו רו
פֿון יענער זײַט לעצטער סעקונד.

און ער האָט געטײַטשט
זאָל ניט פֿעלן אַ האָר:
גאַס־יונג און גאַס־מויד
שיכּורים אַ פּאָר
און ניבול־פּה איז וואָרט אין זײַן ליד.

און איך האָב געוויינט
ווײַל
איך האָב געמיינט — —

## צו אַ מאָדערנעם מקובל

זעלטן,
זעלטן אַ העלזען געווען
בײַ זיי
די דורכגעליכטיקטע.
וואָרט
געהייליקט,
קוים אויף די ליפּן צו ברענגען,
אין הימל־הונגער,
אין דאָרשט
אות צו אות מצרף געווען
און זעלטן איז העלזען געווען.

און דו ביסט אומגעדולדיק,
צערייצט.
נעמסט אײַן ל.ס.ד.
רייכערסט די „גראָזן״,
חנפעסט דעם אַלף־בית דעם יידישן,
וואַרפסט זיך אַרויף אויף אים,
בגוואַלד ווילסטו אויפברעכן אות
און האָסט
דעליר.

ווי שיין איך ברען, האָט רעמבאָ געזאָגט
און געשטאָרבן איז ער
אַ מיאוסן,
מיאוסן טויט.

דעריבער:
זיי האָבן געזאָגט „הימל״

און מאַן איז געווען.
דו זאָגסט „מאַן" און
האָסט ווינט.

זיי האָבן געזאָגט „ערד"
און ווײַב איז געווען
דו זאָגסט ווײַב און
האָסט שטויב.

## שטאַרבן ריטואַל

לזכר רייזעלע

דײַן שטאַרבן —
אַ ריטואַל אַן אייגענער,
אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער.
פּאַמעלעכקע
גענאָגט און אויסגענאָגט
ביזן לעצטן טראָפּ
דײַן זיסן, קאַרגן לעבנסקוואַל.
פּאַמעלעכקע,
טראָפּ נאָך טראָפּ.

פּנימער ליבע, נאָענטע
בײַ דײַן שטאַרבן ריטואַל,
פּנימער ווי מאַסקעס אָן אַ מינע
אָפּגעצערט און אויסגעבלייכט
און אויגן —
שטומע שטוינונג,
טרוקן, מיד און שטאַר
ווען לעצטן אָטעם דײַנעם דו האָסט אויסגעהויכט.
און קיינער קען ניט זאָגן
ברוך,
און קיינער דאַרף ניט זאָגן
דין
און קיינער וויל ניט זאָגן
אמת.
וויל ניט זאָגן
אמת.

## זוסיע

זוסיע בן דוד — זון פון מײַן שטרענגן און ערלעכן זיידע,
זוסיע בן ברכה — זון פון מײַן שטילינקער באָבע,
פעטער מײַנער אָפּגעשיידטער
טויטער,
ווי אומגעריכט און שטיל דו האָסט אַרײַנגעשוועבט אין „קאָמאַ״,
וואָס האָסטו געזען בײַ דער שוועל פונעם דאָרטן?
האָסטו געזען דאָרט וואָס קיינער פון אונדז דאָ
דערזעט ניט?
האָסטו געהערט דאָרט וואָס קיינער פון אונדז דאָ
דערהערט ניט?
אָט ביסטו אין שלווה פון „דאָרטן״.
און אָט ביסט אַרײַן אין טויער פון מנוחה,
אַ פרעמדער אַזאַ מיר דער דאָרטן.
אַ נאָענטער אַזאַ מיר דער דאָרטן.
זוסיע־זיסל מײַן פרײַנד און מיין פעטער,
כ׳האָב דיך ניט געזען אַ באַרוטן אין אָרון.
צי האָט מען געטאָן דיר דעם כּבוד פון טלית?
האָט כּשרע ריינקייט און ווײַסקייט געהויערט
און רו דיר געניגונט?
צי האָט מען צוקאָפּנס געזאָגט דיר:
גאָט איז מײַן פּאַסטעך
ער וועט ניט פאַרלאָזן.
אין זײַנע שטילינקע גראָזן
ער וועט ניט פאַרלאָזן.
ער וועט מיך מיט ליבשאַפט באַדעקן,
באַדעקן?
צי האָט מען, אָ זיסל?

## ריטעם

דו זאָגסט:
אויף ריטעם האַלט זיך די וועלט.
געשעדיקטער ריטעם
מאַכט חרוב די וועלט.
נישטאָ אין כאַאָס איז קיין ריטעם.
היט אים
דעם ריטעם.

איך דערמאָן זיך
מײַן דאָרף אין וואָלין:
מיט פײַער
גייט אַוועק אונדזער שײַער.
די גאַנצענע זומער־שפע —
האַרבסטיקע אײַנזאַמלונג געבענטשטע
גייט אַוועק מיט פײַער
אין שײַער.

איך קלאַמער זיך מיט מײַנע קליינע הענט
אין מאַמעס קליידל.
שרעק־אויפגעריסענע אויגן
צום געשטײַג פון פלאַמען —
אַלע צוזאַמען
מיר וויינען
מיט ריטעם.

פײַערצונגען
שפּרינגען,
לויכטן, העלן —
אונדזער גוטע תּבואה

פײַער־ציין תּל־תּילן
מיט ריטעם.

העלדזער אויסגעצויגן קעגן
פײַער־שפּיצן,
קעגן קרײַזלדיקן רויך און פונקען־שפּריצן
וויגן זיך צום הייסן
ריטעם.

פינגער
אין די פינגער אײַנגעבראָכן,
בײַ די הערצער אײַנגעבראָכן
ציטערן מיט
ריטעם.

פאַר טאָג.
קוים איך שלאָף אײַן,
איך אָטעם שווער דעם שׂרפה־ריח אײַן
און הוידע זיך אין שווידער —
ריטעם.

דו זאָגסט :
נישטאָ איז אין שלעכטיקייט קיין ריטעם.
אָ, וועלט־ריטעם !

און איך —
אַ קינד נאָך
האָב ריטעם אין אומגליק
געהערט און געזען
ווען
אַוועק איז מיט פײַער —

אַוועק מיטן פײַער
אַ פּולער
מיט גוטיקער תּבֿואה
מײַן שײַער,
מיט ריטעם.

## לזכר שלמה

„מיזמור למלכּה"
אַזוי האָסט גערופן מײַן שירה.

ווּהין גייט מײַן מיזמור?
אויער ווײַט־ווײַטערט,
אויער דערווײַטערט,
אויער
ניט־איז־מער.

מיזמור למלכּה
אין גאַנצן צו מלכּה.

איך האָב ניט הנאה,
איך האָב ניט קיין נחת
פון מיזמור למלכּה,
סײַדן להכעיס
מיר — מלכּה.

מיזמור למלכּה
באַדאַרף גאָר קיין קול ניט.
זילבן
באַדאַרפן קיין צאָל ניט.
ריטעם
אין טראָט װעט זיך ריטמען.
אַ וויג מיטן קאָפּ
װעט דערריטמען
אָן־קוליקן מיזמור —
„מיזמור למלכּה".

# חלילה

הוי,
רײַס ניט אַזוי
דײַנע לינקע צוויי פינגער
פון
מײַן רעכטער האַנט

דײַנע פינגער זענען ליאַרעמדיקע
מײַנע
קלוימערשט שטילע

לאָז איך אָפּ
וועלן מיר
חלילה
ביידע
פאַלן

## טעם פון טרערן

מײַן פרייד
האָט דעם טעם פון טרערן.

איך מאַך אַ ברכה
איידער
כ'טו פאַרזוכן.

אַז דו דערפרייסט מיך
איז גלײַך
דו װאָלסט מײַן בענקשאַפט נערן
צו זיך אַליין —
צום איידלסטן פון
מײַנע איכן.

## וואָס האָסטו געטאָן מיטן שוואַן

פון דײַן רעכטן אויג
האָט אַרויסגעקוקט אַ שוואַן
און פון לינקן
אַ חיה רעה
און גאָט דער גערעכטער
האָט געהאַט רחמנות
און דיר אַרײַנגעטאָן
אַן אָפּקרישל פון זײַנע פונקען
און איך האָב געזען דעם פונקל
און כ׳האָב דיך גערופן
„גאָטס ייִנגל".

ייִנגל,
ווּ איז אַהינגעקומען דער שוואַן?
און ווּ איז די חיה רעה?
האָט די חיה אויפגעגעסן דעם שוואַן?
אָדער
האָסטו זיי ביידע אויפגעגעסן
און פעט געוואָרן?

און גאָט דער גערעכטער האָט
זײַן פינטעלע ליכט צוריקגערופן,
צוריק גערופן
און מיר איז אַזאַ שאָד,
דו ייִנגל.

## הויף-נאַר

אַל־און־אַלציקייט
אַלגרויסיקייט
אַלווייסיקייט
אַלמעכטיק אָן־פּנימקייט,
דיר מײַן אַלטוּקייט
דיר איך גיב זיך אָפּ.

איך
דײַן הויף־נאַר
דײַן הויף־נאַר מיט גלעקלעך
מאַך קאָזשעלקעס מיט גראַמען
שפּרינג פֿאַר דיר און גלעקל
לויבליד מיט
ריטעם און מיט מעטער:
מאָנאָמעטער, היפּערמעטער,
טעטראַמעטער, פּענטאַמעטער
און דאַקטיל —
מיט אַלץ וואָס נייטיק איז דעם הויף־נאַר
פֿאַר זײַן נאַרן־שפּיל.

פֿאַר דיר, אָן־פּנימקייט,
נאָר פֿאַר דיר.

## הערט אויף

טעג
דער טעלעפאָן האָט ניט געקלונגען.
ווי קען דאָס זײַן?
לאַנגע, אומרויִקע נעכט —
קיין קלונג פון טעלעפאָן.
ס'לאָזט ניט צומאַכן אַן אויג.
ווי קען אַ הויז זײַן אַזוי שטום?

אַ טויב
טוט אויך אַ מאָל אַ וואָרקע,
אַ מויז
טוט אויך אַ מאָל אַ שקראָב
און דאָ
אַ טעלעפאָן
זאָל איין מאָל כאָטש אַ קלינג טאָן.

דער ניט־קלונג
זשומעט אין די אויערן,
נאָר טויב צו ווערן.
דאָס ניט אויפהערן ניטקלינגען
רײַסט איר אויף דעם מוח
נאָר פון זינען אַראָפּ.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם טרײַבל,
אַרײַנגעשריען:
הערט אויף!
איך וואַרט ניט אויף אַ טעלעפאָן,
איך וואַרט ניט אויף אַ קלונג.
הערט אויף!

## אין דײַן צעבראָכנקייט זאָלסטו לעבן

דו איינציקע,
צעפּערטלטע, צעאַכטלטע,
צעבראָכענע,
ווער האָט דאָס רעכט דיר
איבער זיך געגעבן?
פּאַראַנען פּרזיערע געבאָטן:
אין דײַן צעבראָכנקייט
זאָלסטו לעבן —
לעבן.

פון סדרלאָזיקייט
איז אויסגעוועבט
דער סדר פון דער וועלט.
דײַן צעשפּליטערקייט
איז אויך אין אָט דעם סדר.
דערקען דאָס,
באַנעם מיט שׂכל
און קוק צו דעם מיט חושים אָפענע
און שמייכל.

## אייביקייט

שרײַבסט אָן דײַן וואָרט
און מיינסט
דו האָסט זיך אין דער אייביקייט
פֿאַרשריבן.

דעריבער
זאָג איך, מײַן ליבער,
דאָס איינציקע וואָס זיכער
אין דער אייביקייט
איז די אייביקע
שטאַרביקייט.

# שאָטן

אַ שאָטן
אַ שאָטן פון מיר איז געבליבן
און שאָטן וויל לעבן
און שאָטן וויל ליבן.

סע שטייט ניט אין ערגעץ פאַרשריבן
אַ לאַוו
פונקט אָט אָ דעמאָלט
צום יאָר און צום טאָג
זאָלן טעמפּן געפילן
זאָל שטומען דאָס בלוט
זאָל האַנט ניט באַרירן
אַ צווייטע מיט ציטער
און שמייכלען: ס'איז גוט.

ווּ שטייט געשריבן?

געזאָגט האָט אַ דיכטער
אָט פּשוט אַזוי:
איך נאַרישער אַלטער
צו זיבעציק צוויי
מײַן בלוט איז נאָך הייסער
ווי ס'בלוט איז בײַ זיי —
די שנעק.

נאָר שעמען
איך מוז זיך
און שעם זיך
אַ שרעק.

## סיגנאַלן

פויקט און פּײַקלט פינגער
אין מײַן שטילן טיש.
עפּעס מאָנט מײַן פינגער,
ס'רופט און וועקט מײַן נאָגל
עפּעס אַ פּאַרוואָגל
אין מײַן שטילן טיש.

רויטלעך ברוינער וואָרצל,
פרישע גרינע קרוין.
זאַפטן אין געקלעטער
קוועלן אין געבלעטער
באַהאַלט מײַן שטילער טיש.

ערשטקייט מײַנע ימיקע
שטראָמט דורך מײַן געביין.
שטרעמלעך זיסע, סמיקע,
נײַ‏ינקע און שטאַמיקע —
געזאַנגיקער געוויין.

פליסיקייטן כמאַריקע,
שאָטנדיקע, שטראַליקע
שווימען אין מײַן בלוט
פערלדיק און טרערלדיק
ווייטיקדיק און גוט.

מקור מײַנער וואַלדיקער,
שטילינקער און גוואַלדיקער:
טיגער־שפּאַן און טויבן־טריט
רופן זיך סיגנאַלנדיק,

שטיַיגעריש און פֿאַלנדיק
אין מײַן דופק איבער מיט
נאָדלדיקן רוף
דורך מײַן גאַנצן גוף.

אַלדאָס טועכץ טוט זיך
מיט ריטעם און מיט טראָפּ.
פויקט און פּײַקלט פינגער
אין מײַן מידן קאָפּ.

## מײַן לײדיקע האַנט

דו האָסט אַרױסגעריסן דײַן האַנט
פֿון מײַנער
און כ׳בין
מיט אָפֿענער לײדיקער האַנט
שטײן געבליבן אין מיטן דער װעלט
און יעדער װאָס איז פֿאַרבײַגעגאַן
האָט פֿאַר רחמנות זײַן טראָט פֿאַרשנעלט
און יעדער האָט זיך אױסגעהיטן
ניט קוקן אױף צוריק

מײַן אױג האָט דעראױגט
מײַן אָפֿענע האַנט
װאָס געװען איז מיט לײדיק
צום הימל געװענדט
האָט אױגיק געבעטן בײַ צװײטער האַנט
רחמים צו דער אָפֿענער האַנט

האָט זיך דערבאַרעמט מײַן צװײטע האַנט
איבער מײַן אָפֿענער לײדיקער האַנט
און אין איר פּױסט זי אַרײַנגענומען
װאַרעם
אַרײַנגענומען

אַזױ האָט מײַן רעכטע
די לינקע דערקענט
און אײַנגעקלאַמערט צװײ עלנטע הענט
זענען שטיל און שװײַגיק אַװעק
װו
די װעלט האָט אַן עק.

## פאַרוואַרפן אַ נעץ

„פאַרוואַרף אַ נעץ
אַרום זיך און אין זיך
און פאַנג״.

איך פאַרוואַרף די נעץ
אין זיך
און פאַנג —
עצבות מײַן פאַנג.

עצבות איז ניט פון שיינעם קאָליר.
עצבות איז ניט פון ריינעם קלאַנג —
טרערן און גרעלן אין קלאַנג,
עצבות מײַן פאַנג.

שרײַבסט אויס „עצבות״ אויפן פאַפיר:
**ע** איז שיין,
**צ** איז שיין
און **ב** איז שיין
און שיין איז **ו**
און שיין איז אַפילו **ת**.

אַפילו ווען שיין איז דאָס אַלץ אויף פאַפיר -
עצבות
איז ניט פון שיינעם קאָליר,
עצבות — איז ניט פון ריינעם קלאַנג.
טרערן און גרעלן אין קלאַנג —
עצבות מײַן פאַנג.

## חופש

אַ דאַנק און אַ לויב פאַרן פענצטער.
ווו איך קום
איז מיר פאַראַן אַ פענצטער.
איך זע אַלץ
דורך מיר און דורכן פענצטער.
איך קוק אַרויס — —
זע די וועלט איז פּיצינק גרויס,
און אין צווישן
חשבונט זיך מײַן חשבון־הנפש.

אָ, וואַרט אַ ווײַלע —
איך האָב איצטער חופש.

אויסגערעכנט, אויסגעמאָסטן,
אויסגעפלאַסטערט װעגן
איבער בייזע גרונטן —

ווי איר שרעקט מיך, שטורעמס.
ווי ליב איך האָב אײַך, ווינטן.
און אין צווישן
חשבונט זיך מײַן חשבון־הנפש.

אָ, וואַרט אַ ווײַלע —
איך האָב איצטער חופש.

## צוויי נאַרן

פאָרויס מיר
שפּאַנט אַ הויכער, ברייטפּלייציקער.
דער קאָפּ
אַ ביסעלע אַרײַן צווישן אַקסלען.
פון די אַקסלען
הענגען לאַנגע הענט וואָס וויגן זיך
הין־הער.
די פינגער —
אָט צעשפּרייטן זיך,
אָט נעמען זיך צוזאַמען,
מאַכן אַ פויסט.
די פיס —
צוויי לאַנגע לאָפּעטעס.
די אָפּצאַסן באַטרעטן טראָטואַר
אַפּריִער
נאָך דעם פאַלט דער גאַנצער טראָט.

וועמען טראָגן אָט די פיס?
זיי טראָגן אַ נאַר.
דער נאַר האָט אַוודאי אַ קײַלעכיק פּנים,
אַ קורצע נאָז און גראָבע, פּײַכטע,
גלאַנציקע ליפּן.
די אויגן — אַוודאי אָן ברעמען
פינטלען גיך, גיך.

איך באַמערק:
איין נאָגל פון דער לינקער האַנט
אַ ביסל צוגעשלאָגן,
פאַרלאָפן מיט שוואַרצן בלוט.

דאָס האָט זײַן רעכטע האַנט
דערלאַנגט דער לינקער מיט אַ העמערל.
„גיב ניט אַ נאַר אַ העמערל אין האַנט".

איך מוז שוין דעם גאַנצן וועג
שפּאַנען הינטער אים.
ווען איך וואָלט פֿאַרשנעלט מײַן טראָט
וואָלטן אונדזערע בליקן זיך זײַטיק
באַגעגנט.
דאָס טאָר ניט געשען.
ער זאָל נאָר ניט טאָן אַ קוק
אויף צוריק.
מיר טאָרן זיך ניט אָנקוקן
פּנים אל פּנים:

צוויי נאַרן
אויף אַ שמאָלן טראָטואַר
קען זײַן אַ
קאַטאַסטראָפּע.

## איינזאַם

מלאך מײַן מגיד,
זאָג אונטער אַ זאָגן,
אַ זאָגן וואָס פֿנימען
וועט מיר אַנטקעגן
און זאָגן:
געזען ס'איז ליכטיק
באַדאַרף מען אַרײַנגיין
גוט־אָוונט דיר ביטן.

און איך וועל דעם „זאָגן"
בעטן צום טיש
און איך וועל זיך זעצן
אַנטקעגן מײַנס גלײַכן,
נעמען אַ גלעזל צוזאַמען
און כאַפּן אַ שמועס.

נאָך דעם
בײַם טיי־ריטואַל:
מיר וועלן זיך שפּיגלען
אין לויטער בורשטין
און „זאָגן" וועט זאָגן
סאַ שיינע, סאַ לויטערע טיי.

און איך וועל מיט הענט און מיט פֿינגער
באַגלעטן די וואַרעמע גלאָז,
שמייכלען צופֿרידן און זאָגן:
דאָס וואַסער,
מײַן זעלטענער ברונעם.
מײַן קאַרגער, מײַן זעלטענער ברונעם.

## די שטאָט וואָס אין מיר

„האָב ניט מורא.
גיי אַרויס,
נעם אײַן די שטאָט.
נעם זי
מיט קליינע זיגן,
גאַס נאָך גאַס.
זי וועט זיך אונטערגעבן,
דיר זיך איבערגעבן".

איצט —
די שטאָט איז מײַנע.
זי איז צו מיר.
איך מאַך אַן איבערזעץ
יעדן טאָג אַן אַנדער גאַס.

מײַן שמאָלער שפּאַן
פֿאַרשאַרט דעם טומל.
מײַן קליינער טראָט
ווישט אָפּ דעם רעש.
דער רעש
איז ניט צו מיר.

איך שפּאַציר
אין שטילער שטאָט —
די שטאָט וואָס אין מיר.

## לזכר יעקב גלאַטשטיין

„לידער, לידער זענען נאָך פֿאַראַן אין מיר"
האָסטו געזאָגט.
זיי זענען ווי די גלידער דײַנע אַוועק מיט דיר.

ווי בליציק ס'האָט דײַן זעלטענע קלוגשאַפֿט
זילבן און ווערטער מצרף געווען,
און חכמה ז'געווען, און ליד איז געווען.
ווער סע הערט און ווער סע זעט
ציט צו דײַנע ניגונדיקע ליכטער —
קומט טועם זײַן און בענטשן דיך,
מײַן דיכטער.

זע, אונדזער גאַנצער וווּנדערלעכער דור
איז אין טיפֿן האַרבסט אַרײַן
און דער האַרבטיקער שטורעם
טרייסלט אונדזער בוים,
ברעכט די צווײַגן אָן רחמנות.
אוי־ווײ, אונדזער שיינער בוים ציטערט,
ציטערט באַלד אַ הוילער,
אַ הוילער אינעם ווינט.

מיט אַלע קאָלירן פֿון האַרבסטיקן גאָלד
דו האָסט זיך איבערגעגעבן דעם ווילן פֿון שטורעם,
דו יעטער און היטער פֿון ייִדיש,
און אויף ייִדיש איך וויין
אין חלל פֿון דײַן ניטאָיִקייט.

## פון מײַן דאָרף

איר פּנים
בלאַס.
איר מויל —
אָט, אָט ס׳וועט עפּעס זאָגן
נאָר זעלטן זאָגט.
די אויגן —
מיט רחמים פאַרצויגן, פאַרקוקט,
אומרויִק, פאַרחידושט, רעזיגנירט,
פאַרגיביק.
איר האַנט אויף אַ קעפּל
ליביק.

דאָס קליידל ביז די קנעכל לאַנג
אין פלאַטער איבער צען חדרים
פאַרשמעקט מיט מענטע, טאָפּאָל און יאַסמין
און איבער אַלץ איר קלוגע שיינקייט.
אַזאַ געווען איז זי,
עפּעס פון־ניט־הי —
מײַן מאַמע.

איך, דאָס קליינטשיקס,
צעשויבערט און פאַרטוקט,
מיין, איך בין אַ שרעטעלע
פון מעשׂה־ביכעלע אַרויס.
ערגעץ אין אַ ווינקעלע פאַררוקט
אָדער אונטער טיש,
באַוווּנדער איך שפּיגלדיקן גלאַנץ פון שטיוולעטן,
בין פון קיינעם ניט באַמערקט

נאָר אַלץ איך זע
און אַלץ איך הער און פאַרגעדענק.

פון אַ דערבײַיִקן חדר
אַ פירן מיט אַ סמיק איבער סטרונעס.
(דאָס יִינגל לערנט זיך פידל שפּילן).

אין זאַל
דער שיינער, יונגער לערער
אין אַן אָפן בוך פאַרקוקט.

שטיל, בנעימותדיק
זי ברענגט אַרײַן טיי אַ גלאָז דעם לערער.

ראַפּטעם
דער לערער טוט זיך אַ שטעל אויף:
גיטעלע!

אַ בליץ פון אירע שוואַרצע אויגן.
אַ שטעל די טיי אויף עק פון טיש,
און בליץ־גיך
איז זי פון זאַל אַרויסגעפלויגן.

שפּעטער,
בײַם ברונעם —
איך האָב געזען זי וויינען,
בײַ דעם ברונעם וויינען —
מײַן מאַמע.

## ביז מע דערלעבט

אַ גאַנצן לעבן מע שטאַרבט,
רגעווײַז, טראָפּנווײַז
מע שטאַרבט, מע שטאַרבט
ביז
מע דערלעבט צו שטאַרבן.

אַ גאַנצן לעבן זיך שטאַרבן געלערנט,
מיט פּאָרכט און מיט יִראה זיך שטאַרבן געלערנט
ביז
מע דערלעבט צו שטאַרבן.

אַ גאַנצן לעבן פּראָבע געמאַכט
ס'זאָל לעצטער שפּאַן זײַן
לעצטיק שיין,
ס'זאָל לעצטער בליק זײַן קלוג, באַזאַכט.
אַ גאַנצן לעבן פּראָבע געמאַכט.

און אַז מע האָט שוין שטאַרבן דערלעבט —
רײַף און גרייט ווי צום שניט אַ זאַנג
באַדאַרף מען באַגלייט זײַן מיט כאָרן־געזאַנג
און זײַן אײַנגעהילט אין קילינקן לײַוונט —
לײַוונט פון כּשרע, שטילינקע פאַרבן
צום יום־טוב פון שטאַרבן.

און אַז מע האָט שוין שטאַרבן דערלעבט
באַדאַרף דאָך די פרייד זײַן אומגעהײַער,
באַדאַרף דאָך די רגע זײַן
צענפאַכיק טײַער...

## אַ נאַקעטער פרימאָרגן

אַ נאַקעטער פרימאָרגן,
פון אַלץ אויסגעטאָן
און אַרײַנעשוויגענער.
מע לויפט אים נאָך
ווי ער געווען וואָלט
אַ משוגענער:

אויטאָס, אויטאָבוסן,
לאַסט־וועגענער,
מיסט־וועגענער.
פאָרטפעלן, בײַטעלעך און טעקעס,
קערב און קאָשיקעס און פעקלעך,
שטרײַמלען, טשיפּיקעס און טלית־זעקלעך.
אַ כאַפּעניש פון וויגעלעך,
אַ שטופּעניש פון וועגעלעך —
מע לויפט.

פאַרפאַלן!
מע האָט אים שוין באַפאַלן
דעם נאַקעטן פרימאָרגן.

## הוד שבהוד

דו האָסט מיר פאַרויסגעזאָגט הוד שבהוד,
מײַן אין־קבלה־פאַר׳עסק׳טער טאַטע,
נאָר חסד, האָסטו געטײַטשט, איז יסוד,
און דו האָסט מיר פאָרויסגעזאָגט הוד שבהוד.
נאָר, אַלץ ס׳טו געזאָגט, איז געווענדט אין אחד.
איז גוט. דאַנק איך פאַר חסד לעת־עתה.
נאָר דו האָסט מיר פאָרויסגעזאָגט הוד שבהוד,
מײַן אין־קבלה־פאַר׳עסק׳טער טאַטע.

## בלעטער

בלעטער פֿאַלן ניט. זיי נידערן.
ערד־פֿאַרבענקטע זיי קומען פֿליגלדיק.
אין זייער צײַט זיי װעלן װידער װידערן,
װײַל בלעטער פֿאַלן ניט. זיי נידערן.
זיי װעלן װידער מיט די צװײַגן גלידערן
גרין און שמעקענדיק און װיגלדיק
װײַל בלעטער פֿאַלן ניט. זיי נידערן.
ערד־פֿאַרבענקטע זיי קומען פֿליגלדיק.

## האַרבסט־רוף

העי, וועט עמעץ אין מיר נאָך אויף־לעבן־און־טויט זיך פאַרליבן?!
בלינד ווער סע זעט ניט דאָס פראַקטיקע שפּילן פון ערדן־קאַלירן.
ס'האָבן עקסטראַקטן פון זעלטענע ווײַנען אין מיר זיך פאַרקליבן —
איז העי! וועט עמעץ אין מיר נאָך אויף־לעבן־און־טויט זיך פאַרליבן?
מיר לוסטן און גלוסטן פון זומער גענוג, הוי גענוג נאָך פאַרבליבן
און שפּיזלען און ריזלען מיט תּענוג פון תּאווה אַ ליבע פאַרפירן,
אַז ווײַ. וועט עמעץ אין מיר נאָך אויף־לעבן־און־טויט זיך פאַרליבן?
בלינד ווער סע זעט ניט דאָס פראַקטיקע שפּילן פון ערדן־קאָלירן.

## אַ שפּיל

איך שפּיל זיך מיט די קלוגע טריאָלעטן
צו פֿאַרשפּילן מײַנע אומעטיקע נעכט.
איך באַשאַף מיר קורצע בײַסיקע קופּלעטן,
און איך שפּיל זיך מיט די קלוגע טריאָלעטן.
מאָרגן — כ'וועל זיך שפּילן מיט סאָנעטן.
זאָגסט איך בין אַ נאַר — ביסטו גערעכט,
וואָס איך שפּיל זיך מיט די קלוגע טריאָלעטן
צו פֿאַרשפּילן מײַנע אומעטיקע נעכט.

# אינהאַלט

## צוויי־אין־איינעמקייט



## פון אַ טאָגבוך



## טעם פון טרערן

## ביכער פון זעלבן מחבר:

**לידער**

לאָס אַנדזשעלעס, 1949

**מילד מײַן ווילד**

לאָס אַנדזשעלעס, 1958

**שאָטנס פון געדענקען**

„המנורה״, תל־אביב, 1965